פּולק. ג. אלעף (באלעק)

# דריי קעמפער פאר א פריי סאציאליסטיש פוילן

(פערזענלעכע דערינערונגען)

פארלאג «יידיש בוך»

פּולק. ג. אַלעף (באַלעק)

# דריי קעמפער פאַר אַ פריי סאָציאַליסטיש פּוילן

(פּערזענלעכע דערינערונגען)




פאַרלאַג „יידיש בוך" וואַרשע 1953

Płk. G. A L E F (Bolek)

# TRZEJ BOJOWNICY O WOLNĄ SOCJALISTYCZNĄ POLSKĘ

**Redaktor: D. SFARD**

רעדאקטאר: ד. ספארד

*Printed in Poland*

**Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1953**

Nr zam. 316 Nakład 6000 egz. Druk ukończono w kwietniu 1953 r.
Ark. druk 1,25 Ark. wydawn. 0,75 Papier sat. V kl. 61x86 70 gr.
Druk. R.S.W. „Prasa" W-wa, ul. Tarczyńska 8 4-B-50568

# דערינערונגען וועגן חבר לעוואַרטאָווסקי

עס איז נישטאָ אין פּוילן קיין שפּאַן ערד, וואָס זאָל נישט זיין דורכגעווייקט מיטן בלוט פון די זעלנער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּפּר.

„...זייער ענטוזיאַזם, זייער קאָמפּראָמיסלאָזע שטעלונג אין קאַמף, זייער גלויבן אין דעם נצחון, זייער העלדישקייט און קאָמפּראָמיסלאָזע אָפּפערווויליקייט זענען געווען דער קוואַל פון אַלע זיגן און דערפּאָלגן פון אונדזער פּאַרטיי". אַזוי שרייבט אין זיין בוך: „די פּוילישע אַרבעטער-פּאַרטיי — אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג" איינער פון די גרינדער פון פּפּר און פון דער פאָלקס-גוואַרדיע, איינער פון די באַדייטנדיקסטע אָנפירער פון דער פּוילישער פּראַאייניקטער אַרבעטער-פּאַרטיי — דער חבר יוזשוויאַק „וויטאָלד".

איינער פון די חברים, וועלכע זענען ביזן לעצטן אָטעם-צוג געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון די קעמפער מיטן פאַשיסטישן אָקופּאַנט — איז געווען דער חבר יוסף לעוואַרטאָווסקי „סטאַרי".

11 יאָר איז שוין אַריבער זייט דער חבר לעוואַרטאָווסקי איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע הענקער. ווי אַ לעבעדיקער שטייט פאַר מיינע אויגן די דאָזיקע געשטאַלט פונעם פלאַמיקן רעוואָלוציאָנער — אינטערנאַציאָנאַליסט, וועלכער, זייענדיק אַליין אַ קראַנקער און אויסגעמאַטערטער פונעם לאַנגיאָריקן רעוואָלוציאָנערן קאַמף אין די רייען פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון דער לאַנגיאָריקער געפאַנגענשאַפט אין די קאַזעמאַטן פון די קאַנאַטאָרישע טורמעס — איז אין די שווערע מינוטן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע-נאַכט און אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פון געטאָ געווען די נשמה פונעם ווידערשטאַנדס-קאַמף אין געטאָ. ער האָט אָנגעפירט נישט בלויז מיט אַלע פּאַרטיי-מיטגלידער אין געטאָ — אַלס באַפולמעכטיקטער פון צ.ק. פון פּפּר, נאָר ער איז אויך געווען דער אָנערקענטער גייסטיקער אָנפירער פון אַלע פּאָרגעשריטענע עלעמענטן אין געטאָ, פון אַלע די, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין-וחשבון, אַז דער איינציקער ריכטיקער וועג איז דער וועג פון קאַמף מיטן אָקופּאַנט, דער וועג וועלכן ס'האָט אָנגעצייכנט די פּוילישע אַרבעטער-פּאַרטיי.

ווען עס אַנטשטייט אין געטאָ לויט דער איניציאַטיוו פון דער פפּר דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק, וואָס גרופּירט ארום זיך אַלע די, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דער פּלאַטפאָרם פון אַקטיוון ווידערשטאַנד, אויף דער פּלאַטפאָרם פון אַקטיוון קאַמף מיטן אָקופּאַנט און זיינע משרתים, האָט זיך אין שפּיץ פון דעם דאָזיקן בלאָק געשטעלט דער חבר יוסף.

„...לויט דער איניציאַטיוו פון דער פּאַרטיי, אדאַנק דער מי פון חבר לעוואַרטאָווסקי, אַנטשטייט אין געטאָ אַן אַנטיפאַשיסטישער בלאָק, וועמענס נשמה איז דער חבר לעוואַרטאָווסקי" — שרייבט וועגן דעם אין זיין בוך דער חבר יזשוויאַק „וויטאָלד".

מיט אַ באַזונדערער קראַפט האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון מיין ערשטע באַגעגעניש מיטן חבר לעוואַרטאָווסקי. דאָס איז געווען אין מאַי 1942.

איך האָב דעמאָלט אויסגעפירט די פונקציע פון סעקרעטאַר פון קעמערל פון דער פוילישער ארבעטער־פּאַרטיי אין דער געזעלשאַפט פאר קינדער־שוץ „צענטאָס", איך האָב אויך אָנגעפירט מיט א פלוטאָן פון דער פאָלקס־גוואַרדיע. די חברטע „זויטאַ" (קאָוואַלסקאַ) האָט מיר מודיע געווען, אַז מיט מיר וויל זיך זען דער חבר לעוואַרטאָווסקי „סטאַרי".

וועגן „סטאַרי" האָב איך שוין דעמאָלט פיל געהערט, אז ער איז א באַפולמעכטיקטער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פפּר אין געטאָ און אַז ער איז דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק אין דעם יידישן קוואַרטאַל. איך האָב געהערט וועגן זיין פארמלחמהדיקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין די רייען פון דער קפּפּ, אָבער זען אים, רעדן מיט אים, האָב איך ביז אַהער נישט געהאַט די געלעגנהייט.

אויפן צווייטן טאָג האָבן איך זיך געטראָפן מיט דער חברטע „זויטאַ" אויפן פּאָדפּונקט ראָג לעשנאָ און קאַרמעליצקע פון וואַנען זי האָט מיך אוועקגעפירט אין קינדער־הויז אויף דער גענשע, ווו עס האָט אויף מיר געוואַרט דער חבר לעוואַרטאָווסקי.

ער האָט אויסגעזען שוין אַן עלטערער און פון שווערן לעבן שטאַרק אויסגעמאַטערטער מענטש. איך מוז זיך מודה זיין, אז אין דער ערשטער מינוט האָט דאָס מיך אביסל איבערראַשט. גאָר אַנדערש האָב איך זיך פאָרגעשטעלט דעם שוין דעמאָלט לעגענדאַרן אין געטאָ „סטאַרי". אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, קוקנדיק אויף מיר אויפמערקזאם מיט זיין ביז אין דער טיף דורכדרינגלעכן בליק, איז פאַר מיר געשטאַנען גאָר אַן אַנדערער מענטש; איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אייביק יונגן רעוואָלוציאָנער, א מאַרקסיסט, וואָס איז באַהויכט געווען מיט א גרויסער אידעע און אומבויגזאמען גלויבן אין איר נצחון.

ביז היינט געדענק איך נאָך זיין טיפן אַנאַליז פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן.

זיינע רייד וועגן דעם, אז עס דערנענטערט זיך דער ענדגילטיקער נצחון פון דער רויטער ארמיי — אין געדענקען דאַרף מען, אז דאָס איז געווען אין דער־

ערשטער העלפט פון יאָר 1942, א פּאָר חדשים פאַרן גרויסן זיג פון דער רויטער אַרמיי הינטער סטאַלינגראַד — זיינע לײדנשאַפטלעכע ווערטער וועגן די אויפ־גאַבן, וואָס שטייען פאַר די קאָמוניסטן, וועגן זייער אַוואַנגאַרד־ראָל אינעם קאַמף מיטן אָקופּאַנט, האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכּרון. ער האָט דעמלט דורכגעפירט א טיפן אַנאַליז אויך פון דער סיטואַציע אין וואַרשעווער געטאָ, ער האָט כאַראַקטעריזירט דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון געטאָ, די פאַרעטערישע ראָל פונעם „יודענראַט" און זיין פּאָרזיצער דעם אינזשעניער טשערניאַקאָוו, די עקלהאַפטע, שענדלעכע ראָל פון דער יידישער פּאָליציי, וואָס פירט אויס די שמוציקסטע ארבעט, אבי נאָר צו געפעלן די היטלערישע באַלעבאַטים.

אויפן פאָן פון דער סיטואַציע אין געטאָ האָט יוסף אָנגעצייכנט די נאָענט־סטע אויפגאַבן פאַר דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, ווי אויך די אויפגאַבן פאַר דער פאָלקס־גוואַרדיע. ער האָט באַזונדערס אונטערגעשטראָכן די גרויסע באַדייטונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אינערהאַלב דער מיליטערישער אָרגאַני־זאַציע פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק.

אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט האָט געאָטעמט מיט גרויסער קראַפט און אמת, איך האָב געפילט, אז מיט מיר רעדט א דערפאַרענער ארבעטער־טוער, וואָס איז באַוואָפנט מיט טיפן מאַרקסיסטישן וויסן, א מענטש, וואָס נישט בלויז ער גלייבט אינעם נצחון פון דער זאַך, נאָר ער קאָן מיט דעם דאָזיקן גלויבן אָנשטעקן אויך אַנדערע.

בעת דער דאָזיקער באַגעגעניש האָט חבר לעוואַרטאָווסקי מיר איבערגע־געבן נייע אויפגאַבן פאַר דער פּאַרטיי — איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס אָנפי־רער פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אויפן געביט פון געטאָ אין אַלס אזעלכער בין איך געוואָרן א מיטגליד פונעם שטאַב פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע פון אַנטי־פאַשיסטישן בלאָק, וועמענס הויפּט טרייב־קראַפט עס איז געווען די פּוילישע ארבעטער־פּאַרטיי.

דער חבר „סטאַרי" האָט אין דעם טאָג לאַנג געשמועסט מיט מיר, ער האָט זיך באַמיט צו צעשטרייען מיינע ספקות, צי איך וועל אימשטאַנד זיין אויסצו־פירן די אזוי גרויסע אויפגאַבע, וועלכע איז אויף מיר ארויפגעלייגט געוואָרן. ער האָט זיך געטיילט מיט מיר מיט זיין רייכער דערפאַרונג פון קאָנספּירא־טיווער און אָרגאַניזאַטאָרישער ארבעט, ער האָט מיך אָנגעשטעקט מיט דעם גלויבן, אז די אויפגאַבע, וועלכע די פּאַרטיי האָט פאַר מיר געשטעלט, הגם זי איז אזא שווערע — וועט זי דאָך אויסגעפירט ווערן.

איך האָב זיך נאָך פיל מאָל געטראָפן מיטן חבר לעוואַרטאָווסקי און יעדעס מאָל בין איך אוועק פון די באַגעגענישן באַרייכערט מיט מאַרקסיסטיש וויסן. דער חבר „סטאַרי" האָט מיך, בעת אונדזערע באַגעגענישן געלערנט, ווי אזוי מ'דאַרף ליב האָבן די פּאַרטיי, ווי אזוי מ'דאַרף איר אָפּגעבן אַלע כּוחות, ווי אזוי

מ'דאַרף ליב האָבן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד — דאָס פֿאָטערלאַנד פֿון סאָציאַליזם און דעם חבר סטאַלין.

צום לעצטן מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיטן חבר לעוואַרטאָווסקי אין אויגוסט 1942 אין די טעג פֿון דער ערשטער מאַסנהאַפֿטער ליקווידאַציע פֿון געטאָ. דער חבר „סטאַרי“, געזעגענענדיק זיך מיט מיר, בעת איך האָב פֿאַרלאָזט דאָס געטאָ כדי אַריינצוטרעטן אין דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, האָט זיך צעקושט מיט מיר און געזאָגט: „געדענק באַלעק, אַז דו ביסט אַ קאָמוניסט, און דאָס פֿאַרפּליכטעט צו גרויסע טאַטן“.

אין דריי חדשים אַרום, זייענדיק שוין אין וואַלד אין דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פֿון דער פֿאָלקס־גוואַרדיע, האָב איך זיך דערוווּסט וועגן טויט פֿון חבר לעוואַרטאָווסקי. אַ לאַנגע צייט האָב איך נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער חבר לעוואַרטאָווסקי איז שוין נישטאָ אין די רייען פֿון די קעמפֿער פֿאַר דער גרויסער זאַך.

דער חבר לעוואַרטאָווסקי האָט נישט דערלעבט דאָס פֿרייע דעמאָקראַטישע פּוילן, וועגן וועלכן ער האָט דאָס גאַנצע לעבן געטרוימט, פֿאַר וועלכן ער האָט געקעמפֿט.

דער חבר לעוואַרטאָווסקי האָט נישט דערלעבט דעם נצחון, אין וועלכן ער האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט, אָבער אַזעלכע קעמפֿער ווי חבר לעוואַרטאָווסקי וועלכע האָבן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט אָפּגעגעבן דער זאַך פֿון לענין־סטאַלין — האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען דאָס, וואָס מיר קאָנען בויען אַ בעסערן מאָרגן, אַ שענער לעבן, וואָס מיר קאָנען בויען דאָס סאָציאַליסטישע פּוילן.

# ניוטאַ טייטעלבוים „וואַנדאַ"

אַ סך יאָרן זענען שוין אַריבער זייט יענע שרעקלעכע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פון דער היטלערישער אָקופּאַציע, אָבער דאָס בילד פון יענע קאָשמאַרפולע קריגס־יאָרן און פאַשיסטישן טעראָר לעבט נאָך אין אונדז.

דער אָנדענק וועגן די גרויסע העלדנטאַטן פון דער אָקופּאַציע־צייט פאַרשטאַרקט נאָך אונדזער ליבע צו דעם נייעם, שיינעם לעבן, וואָס מיר בויען איצט אונטער דער אָנפירונג פון דער פּוילישער פאַראייניקטער ארבעטער־פּאַרטיי און פון איר פאָרזיצער — חבר באָלעסלאַוו ביערוט.

די דערמאָנונג פון די אָקופּאַציע־יאָרן, וועגן דער העלדישקייט פונעם אַרבעטער־קלאַס און זיין פּאַרטיי — די פּוילישע ארבעטער־פּאַרטיי, פאַרגרעסערט נאָך מער אונדזער האַס צו דער אַלטער וועלט פון דלות, עקספּלאָאַטאַציע און אַרבעטלאָזיקייט.

קעגן דער דאָזיקער וועלט פון עלנט און עקספּלאָאַטאַציע האָבן געקעמפט די בעסטע זין און טעכטער פונעם פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, געקעמפט און העלדיש אומגעקומען, מיטן טיפן גלויבן, אַז זייער קאַמף, זייער טויט וועט העלפן אויפבויען אַ נײַ לעבן, מיטן טיפן גלויבן אַז דורכן קאַמף וועלן זיי באַזיגן דעם טויט.

צווישן די, וואָס האָבן זייער לעבן געבראַכט אַלס קרבן פאַר דער גרויסער זאַך פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג געפינט זיך ניוטאַ טייטעלבוים „וואַנדאַ".

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט ניוטאַ טייטעלבוים אין אַפּריל פון יאָר 1942 אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען די צייט פון דער גרעסטער פאַרשטאַרקונג פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבעט, וועלכע איז געווען פאַרבונדן מיטן שאַפן אינעם געטאָ דעם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, וואָס האָט באַדאַרפט פאַראייניקן אַלע פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין וואַרשעווער געטאָ צום קאַמף מיטן אָקופּאַנט.

דער אנטיפאַשיסטישער בלאָק איז אנטשטאַנען לויט דער איניציאַטיוו פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע איז געווען די הויפּט־טרייב־קראַפט פונעם בלאָק. ס'איז דעריבער קלאָר געווען, אַז צו דער דאָזיקער אַרבעט זענען געשיקט געוואָרן די בעסטע, אַקטיווסטע און אָפּערוויליקסטע מיטגלידער פון דער פּאַרטיי מיטן חבר לעוואַרטאָווסקי אין דער שפּיץ.

איך געדענק עס, ווי דאָס וואָלט געווען נישט מיט עלף יאָר צוריק, נאָר ערשט נעכטן. אין דער אָפּטיילונג פאַר קינדער־שוץ ביי דער געזעלשאַפט „צענ־טאָס", וווּ איך האָב דעמאָלט געאַרבעט, איז אַריינגעקומען אַ יונג מיידל מיט לאַנגע, בלאָנדע צעפּ און שיינע, גרויסע העלע אויגן. זי האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אַלט געווען העכסטנס 16 יאָר. איך בין דעריבער שטאַרק פאַרוווּנדערט געווען, ווען זי האָט נאָכדעם ווי זי האָט זיך איבערצייגט, אַז זי האָט גע־טראָפן צו מיר, אָנגעגעבן דעם פּאַראָל, וועלכער איז באַקאַנט געווען אַ פאַר־העלטניסמעסיק קליינער גרופּע קעמפער־אַקטיוויסטן.

דאָס איז געווען ניוטאַ.

איך האָב געקוקט אויף איר מיט פאַרוווּנדערונג און אומצוטרוי, ווייל אין דער ערשטער מינוט האָב איך נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָס דאָזיקע קינד, ווי ס'האָט זיך מיר געדאַכט, האָט געהערט צום קאַמפּס־אַקטיוו פון דער פּאַרטיי. זי האָט וואָרשיינלעך פאַרשטאַנען מיין פאַרוווּנדערונג און געזאָגט: — „ווונדערט זיך נישט, חבר, וואָס מען האָט מיך געשיקט צו קאַמפּס־אַרבעט — איך בין אַ קאָמוניסטקע, אַ געוועזענער מיטגליד פון דעם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד — מיין אָרט איז דעריבער אויף די פראָנט־פּאָזיציעס פונעם קאַמף מיטן אָקופּאַנט". זי האָט מיך דעררביי אָנגעקוקט מיט אַזאַ אויסדרוקפולן בליק, אַז איך האָב באַקומען די זיכערקייט, אַז פאַר מיר שטייט נישט קיין קינד, נאָר אַ באַוווסטזיניקער פּאַרטיי־קעמפער. און איך האָב נישט קיין טעות געהאַט.

ניוטאַ איז געוואָרן איינע פון די אַקטיווסטע און אָפּערוויליקסטע טוער פון דער פּאַרטיי און פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אויפן שטח פון געטאָ.

עס איז נישט געווען אַזאַ שווערע אויפגאַבע, וועלכע די אָנפירונג פון דער פּאַרטיי אָדער גוואַרדיע זאָל פאַר איר שטעלן, אַז זי זאָל זי נישט אויספירן נישט קוקנדיק אויף דער לעבנס־געפאַר, וואָס איר האָט געדראָט. אויסנוצנדיק איר אומשולדיקן אויסזען פון אַ יונג מיידל, פלעגט ניוטאַ זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ און אַריינשמוגלען פּאַרטיי־ליטעראַטור, אינסטרוקציעס פון דער פּאַרטיי און פון דער פאָלקס־גוואַרדיע ווי אויך געווער.

ניוטאַ האָט אויך אָרגאַניזירט אין געטאָ אַ פרויען־אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, פון וועלכער עס האָבן זיך רעקרוטירט די שפּעטערדיקע העל־דישע אויפשטענדלערינס אין געטאָ און אין די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, וואָס זענען צעוואָרפן געווען איבערן גאַנצן לאַנד.



ניוטא טייטעלבוים „וואנדא“.

עס איז אָנגעקומען דער 22=טער יולי פון יאָר 1942. די דייטשן זענען צוגעטראָטן צו דער ליקווידאציע פונעם ווארשעווער געטאָ. זיי האָבן ארומגעשטעלט די מויערן פון געטאָ מיט געדיכטע אָפּטיילונגען פון עס=עס און פּאָליציי, האָבן איבערגעריסן די טעלעפאָנישע פארבינדונג מיט דער „ארישער“ זייט און צוזאמען מיט דער יידישער פּאָליציי — ביי דער אקטיווער הילף פונעם פארעטערישן יודענראט — אָנגעהויבן די מאסנהאפטע ארויסשיקונג פון די יידן און די קרעמאטאָריעס פון טרעבלינקע.

די פארטיי=אָרגאניזאציע אין געטאָ האָט פארלוירן די פארבינדונג מיט דער אָנפירערשאפט פון דער פארטיי און פון דער פאָלקס=גווארדיע. ס׳האָט זיך געפאָדערט ווי אמשנעלסטן אָנצוקניפּן א קאָנטאקט מיט דער אָנפירערשאפט און איר מודיע זיין וועגן דער סיטואציע אין געטאָ. אויף אָנבינדן דעם האָזיקן קאָנטאַקט האָט זיך געמאָלדן ניוטאַ. עס האָבן נישט געהאָלפן אונדזערע אויפקלערונגען, אז ביי דער געשאפענער לאגע באדייט דאָס אריבערגיין אויף דער „ארישער“ זייט — א זיכערער טויט, אז מ׳דארף זוכן אנדערע וועגן ווי אזוי אָנצוקניפּן דעם איבערגעריסענעם קאָנטאקט. ניוטא האָט דערקלערט, אז די טויט=געפאר קאָן נישט זיין קיין מניעה און דארף נישט אָפּשרעקן קיין באוווסטזיניקן פארטיי=מיטגליד אויסצופירן זיין פליכט און אז זי גלייבט, אז די איר אָנפארטרויטע אויפגאבע וועט זי אויספירן. זי האָט אונדז איבערצייגט און איז אוועק. מיט אומגעדולד האָבן מיר געווארט אויף א ידיעה פון איר. מיר האָבן מורא געהאט, אז אונדזער קליינע העלדישע ניוטא וועט באַצאָלן מיט איר לעבן פאר איר דרייסטקייט. ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד, ווען אין א פּאָר טעג ארום איז ניוטא צוריקגעקומען דערקלערנדיק אונדז, אז די פארבינדונג איז ווידער אָנגעקניפּט געוואָרן, -- ברענגענדיק אונדז אינסטרוקציעס פון דער פארטיי=אָנפירונג און פונעם הויפּט=שטאב פון דער פאָלקס=גוואַרדיע. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל אַרויסצושיקן זעקס יונגע מיטגלידער פון דער פארטיי און פון דער גווארדיע צו דער דיספּאָזיציע פונעם הויפּט=שטאב פון דער פאָלקס=גווארדיע. די דאָזיקע מענטשן זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די אָפּטיילונגען פון דער גווארדיע, וועלכע האָט שוין זייט אַ לענגערער צייט געפירט אַן אומפארמיטלבאַרן קאַמף מיטן שונא. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען — ניוטא.

סוף אויגוסט 1942 בין איך אויפן באפעל פון דער פארטיי אריבער אויף דער „ארישער“ זייט און זיך געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פונעם הויפּט=שטאב פון דער פאָלקס=גווארדיע.

אויף דער קאָנספּיראטיווער דירה אויף כאָטשימסקע 24 האָב איך זיך ווידער געטראָפן מיט ניוטאן, וועלכע איז דעמלט געווען א מיטגליד פון דער פּאַרטיזאַנער=אָפּטיילונג. זי האָט דאַן געטראָגן דעם פּסעוודאָנים „וואַנדאַ“.

פאר דער העלדישקייט, וואָס „וואנדא“ האָט ארויסגעוויזן איז זי אָפּגע־שיקט געוואָרן אין דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גווארדיע אין ווארשע, ווו עס האָבן זיך גרופּירט די בעסטע, די אָפּגעהיטנסטע גוואר־דיסטן און פּארטיי־מיטגלידער.

אין משך פון א קורצער צייט ווערט „וואנדא“ די נשמה פון דער ספּע־ציעלער אָפּטיילונג. איר דרייסטקייט, הומאָר, אירע איינפאלן, איר גרייטקייט ארויסצוהעלפן אין א שווערער מינוט יעדן קאמפס־חבר, נישט קוקנדיק אויף די געפארן וואָס האָבן איר געדראָט, האָט ארויסגערופן ליבע צו איר מצד דער גאנצער אָפּטיילונג.

עס איז נישטאָ קיין איין ערנסטע אקציע, וועלכע די ספּעציעלע אָפּטיילונג האָט דורכגעפירט, און וועלכער עס זאָל נישט האָבן אָנטייל גענומען „וואנדא“. זי נעמט אן אוממיטלבארן אָנטייל אין דער בארימטער אקציע אויף דער ק. ק. אָ., ווען אין מיטן העלן טאָג, אינעם סאמע צענטער פון ווארשע האָט אן אָפּטיילונג גווארדיסטן קאָנפיסקירט די מיליטערישע קאָנטריבוציע, וועלכע די היטלעראָווצעס האָבן ארויסגעשלעפּט ביי די איינוווינער פון ווארשע.

אויפן באפעל פון דער אָנפירערשאפט פון דער פאָלקס־גווארדיע פירט „וואנדא“ אויס א ריי טויט־אורטיילן איבער די געסטאפּאָווצעס און היטלערישע משרתים. זי נעמט אָנטייל אין די אקציעס אויפן „קאפע־קלוב“, אויף דויי־טשישע קינאָס.

פאר איר העלדישקייט און איבערגעגעבנקייט ווערט זי נאָמינירט אלס אונטעראָפיצער פון דער פאָלקס־גווארדיע און פארטרעטער פון קאָמאנדיר פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גווארדיע. די געסטאפּאָווצעס האָבן באשלאָסן פאר יעדן פרייז ארייַנצוקריגן אין זייערע לאפּעס די דאָזיקע געפער־לעכע פארטיזאנערין. א גאנץ יאָר האָבן זיי געלויערט אויף איר. אָבער „וואנ־דען“ האָט זיך תמיד איינגעגעבן ארויסצוגליטשן זיך פון זייערע הענט, ביז זיי איז איינמאָל געלונגען זי אַרומצירינגלען אין איר וווינונג. גיוטע ווערט אַרעסטירט און אין סעפּטעמבער 1943 הויכט זי אויס, א פארפייניקטע אין די קעלערן פון דער געסטאפּאָ, איר ליכטיקע נשמה, נישט ארויסגעבנדיק קיין איינעם פון אירע חברים.

די ידיעה וועגן דעם העלדישן טויט פון „וואַנדען“ האָט זיך בליצשנעל פארשפּרייט צווישן די ווארשעווער קעמפער. די פארטיזאַנער פון דער פאָלקס־גווארדיע באַשליסן אָפּצוגעבן כבוד דעם אָנדענק פון זייער העלדישער וואָפן־חברטע דורך פארשטארקטע אקציעס איבערן שונא.

אָנערקענענדיק די גרויסע פארדינסטן פון דער העלדישער קעמפערין פאר א סאָציאליסטיש פּוילן האָט די רעגירונג פון דעם באפרייטן פאָלקס־פּוילן זי באשאָנקען נאָכן טויט מיט דער העכסטער קאמפס־אויסצייכענונג — מיט דעם גרונוואלד־קרייץ. אין די הערצער פון אירע קאמפס־חברים וועט אויף אייביק בלייבן די געשטאלט פון דער פלאמיקער קעמפערין ניוטא טייטעלבוים „וואנדא“.

# שמואל יעגער

1942. די היטלעריסטן האָבן אָנגעהויבן אן אקציע פון מאסן־גירושים פון די געטאָס אין די טויט־לאגערן אריין. אינטער דעם לאָזונג פון מאכן לובלין „יידן ריין" האָבן די פאשיסטן ליקווידירט איינעם פון די גרעסטע יידישע צענטערן אין פוילן.

די ידיעה פון דער ליקווידאציע פון לובלינער געטאָ האָט געהאט אן אָפקלאנג אין אלע געטאָס אין לאנד און האָט פארשטאַרקט דעם אלץ־וואקסנדיקן באוווסט־זיין ביי די יידן, אז די היטלעריסטן זענען דעצידירט פיזיש אויסצוראָטן די יידישע באפעלקערונג, און, אז די ליקווידאציע פון לובלינער געטאָ, איז דער אָנהייב פון דעם סוף פון פוילישן יידנטום. די ידיעה וועגן דער ליקווידאציע פון לובלינער געטאָ האָט אויך באוויגן די פראָגרעסיווע יוגנט און קודם־כל די מיט־גלידער פון דער פוילישער ארבעטער־פארטיי אין די געטאָס צו פארשטאַרקן און צוצואיילן דעם טעמפּאָ פון א באוואָפנטער זעלבסט־פארטיידיקונג.

די פארשיידענע אקטיווע פראָגרעסיווע עלעמענטן, ווו זיי האָבן זיך נאָר געפונען, האָבן אינסטינקטיוו געפילט, אז עס איז די צייט פון מעשים, אז מען דאַרף אומבאַדינגט זיך פארבינדן מיט דער פוילישער אַרבעטער־באַוועגונג — מיט איר הויפּט־קראפט — דער פוילישער ארבעטער־פארטיי — און צוטרעטן צו אן אקטיוון קאַמף מיטן אָקופּאנט אָרעם ביי אָרעם מיט דער אלץ־וואקסנדיקער פוילישער פארטיזאנער־באוועגונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע.

צו דער קאַטעגאָריע אקטיוויסטן האָט געהערט דער קאָמוניסט שמואל יעגער.

די מלחמה האָט אים פאַרטראָגן אין קריגס־געפאַנגען־לאַגער פאַר יידישע זעלנער פון דער פוילישער ארמיי, וואָס האָט זיך געפונען אין לובלין אויף ליפּאָווע גאס.

אָפּגעבנדיק זיך קלאָר א דין־וחשבון, אז די היטלעריסטן האָבן באשטימט די יידן אין לאגער אויף אומקום — און פארשטייענדיק, אז דאָס אָרט פון אַ קאָמוניסט איז אין די רייען פון קעמפנדיקן ארבעטער־לאגער — איז ער

צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן דאָס אַנטלויפֿן פֿון לאַגער, אַזאַ אַנטלויפֿן, וואָס זאָל דערמעגלעכן צוצוטרעטן צו דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג פֿון דער פֿאָלקס־גוואַרדיע.

אין די שרעקלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט זיך געפֿונען, סיי אַלס געפֿאַנגענער זעלנער פֿון דער פּוילישער אַרמיי, סיי אַלס ייִד, איז אים דאָך געלונגען אָנצוביגדן אַ קאָנטאַקט מיט די לובלינער אָרגאַנען פֿון דער פֿאָלקס־גוואַרדיע. ער האָט באַוויזן צו גרופּירן אַרום זיך אַ פּאָר צענדליק חברים קריגס־געפֿאַנגענע פֿאַר דער אידעע צוצוטרעטן צו אַן אומסמיטלבאַרן קאַמף מיט דעם אָקופּאַנט. נאָך אַ חודש צייט פֿון צוגרייטונגען מיט דער הילף פֿון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און פֿאָלקס־גוואַרדיע אין לובלין האָט ער אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפֿן אין די שכנותדיקע וועלדער, דעראָבערנדיק פֿריער אין לאַגער אַ מאַגאַזין פֿון געווער. בעת דעם אַנטלויפֿן איז דערהרגעט געוואָרן די פֿאַשיסטישע וואַך. די פֿאָלקס־גוואַרדיע האָט געגעבן הילף די אַנטלאָפֿענע, האָט זיי קאָנטאַקטירט מיט אירע אָרגאַניזאַנען און האָט אַריינגענומען די ייִדישע קעמפֿער אין אירע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַמען.

איינגיכן האָט דער „גוואַרדיסט“, דער אָרגאַן פֿון דער הויפּט־קאָמענדע פֿון דער פֿאָלקס־גוואַרדיע, אינפֿאָרמירט וועגן דרייסטן איבערפֿאַל אויף די היטלעריסטישע באַוואָפֿנטע פּאָסטנס, אויף דער היטלעריסטישער אַרמיי־אינטענדאַנטור און טראַנספּאָרט, אויסגעפֿירט דורך דער אָפּטיילונג פֿון דער פֿאָלקס־גוואַרדיע א. נ. פֿון שמיליעס פּלאַטער אין שפּיץ פֿון וועלכער עס איז געשטאַנען יעגער.

די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג פֿון דער פֿאָלקס־גוואַרדיע א. נ. פֿון שמיליעס פּלאַטער, האָט געפֿירט דעם קאַמף אין פּולאַווער און אין אַ טייל פֿון לובלינער פּאָוויאַט, אַזוי, אַז די פֿאַשיסטן האָבן ביים אויפֿמאָנען די תבואה־קאָנטינגענטן געמוזט שיקן אין דער געגנט שטאַרקע שוץ־אָפּטיילונגען, ווייל קלענערע אָפּטיילונגען זענען געוואָרן צעקלאַפּט דורך די פּאַרטיזאַנער. די פּויערים פֿון דער געגנט האָבן מיט פֿרייד אויפֿגענומען די ידיעות וועגן די נצחונות פֿון יעגערס אָפּטיילונג.

די פּויערים פֿון די שכנותדיקע דערפֿער האָבן נישט בלויז אויפֿגענומען די „יעגעראָוועצעס“, ווי מען האָט פּאָפּולער גערופֿן די פּאַרטיזאַנער פֿון יעגערס גרופּע, נאָר זיי האָבן אויך געדינט דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג מיט ידיעות און נישט איינמאָל האָבן זיי פֿאָרויס געוואָרנט פֿאַר אַן אָבלאַווע, אָדער אַן איבערפֿאַל פֿון די פּוילישע רעאַקציאָנערע באַנדעס, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל אויסצוראָטן די פּוילישע דעמאָקראַטישע כוחות און ספּעציעל די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי און די פֿאָלקס־גוואַרדיע.

די היטלעריסטן האָבן מורא געהאַט מיט קליינע כוחות צוצוטרעטן צו דער פֿאַציפֿיקאַציע־אַקציע, ווייל מען האָט צווישן זיי פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די אָבטיילונג ציילט עטלעכע הונדערט באַוואָפֿנטע זעלנער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַן אַלטן אויסגעפּרוּווטן פּוילישן אָפֿיצער. אין דער ווירקלעכקייט האָט צו יענער

צייט די אָפּטיילונג געציילט 42 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון יונגן 25-יעריקן יעגער אין דער ראַנג פון יעפרייטער פון פוילישן מיליטער.

די אָפּטיילונג איז אָבער געווען שטאַרק אַראַנק איר גרייטקייט צום קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף מיטן שונא. אַראַנק איר באַוווסטזיין, אַז דער איינציק ריכטיקער וועג איז דער וועג פון קאַמף, דער וועג פון דער פוילישער אַרבעטער-פּאַרטיי און פון דער פאָלקס-גוואַרדיע און נישט דער שווינדלעכער פאַרעטערישער וועג פון יודענראַט און דער יידישער פּאָליציי.

די אָפּטיילונג פון יעגערן האָט מיט איר טעטיקייט באַוויזן די יידישע יוגנט פון די שכנותדיקע געטאָס צו אַנטלויפן אין די לובלינער וועלדער און אָרעם ביי אָרעם מיט די פּוילישע ברידער פון דער פאָלקס-גוואַרדיע צו קעמפן פאַר אַ פריי פוילן, אַ פוילן פון סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן יושר.

יעגערס אָפּטיילונג האָט זיך שפּעטער צעטיילט אויף צוויי גרופּעס, וועלכע זענען טעטיק-געווען אונטער דער אָנפירונג פון יעגערן און האָבן אויסגעפירט די זעלבע קאַמפּס-אַקציעס גלייכצייטיק איןביידע פּאָוויאַטן (פּולאַווער און לובלינער) — דעזאָריענטירנדיק אַזוי אַרום דעם שונא.

דער שם פון דער אָפּטיילונג א. נ. פון עמיליע פּלאַטער איז געוואַקסן. אין פיל נומערן פונעם אָרגאַן פון דעם הויפּט-שטאַב פון דער פאָלקס-גוואַרדיע „גוואַרדזיסטאַ“ ווערן אויף אַן אָנגעזען אָרט דערמאָנט די קאַמפּס-אויפטוען פון יעגערס גרופּן.

אַלס אָנערקענונג פאַר זיינע פאַרדינסטן איז יעגער נאָמינירט געוואָרן אַלס אָפיצער פון דער פאָלקס-גוואַרדיע און האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג פון דער ערשטער מדרגה. יעגער האָט פאַרדינט די אויסצייכענונג. ער איז דער ערשטער געגאַנגען אין אָנגריף און דער לעצטער האָט ער פאַרלאָזט דעם קאַמפּס-פּלאַץ, נאָכקאָנטראָלירנדיק, צי עס זענען קיין פאַרוווּנדעטע נישט געבליבן.

סוף 1943 האָבן די פאַשיסטן אָנגעזאַמלט גרעסערע כוחות און געוואָלט פאַר יעדן פּרייז ליקווידירן די קאָמוניסטישע „באַנדיטן“ — אַזוי האָבן די היטלעראָווצעס גערופן — אין הילפלאָזן כעס — די פּאַרטיזאַנער. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן די אויסשפּיר אָפּעראַציעס, דאָס גאַנצע מאָדערנע באַוואָפענונג פון די פאַשיסטן — יעגערן און זיינע זעלנער איז נישט מעגלעך געווען צו כאַפּן.

זיי האָבן פון צייט צו צייט געגעבן אַ צייכן וועגן זייער עקזיסטענץ דורך איבערפאַלן אויף קלענערע גרופּעס פאַשיסטן און האָבן געזייט פּאַניק צווישן די באַרבאַרישע היטלער-זעלנער.

אין איינער פון די קאַמפּס-אָפּעראַציעס ווערט יעגער שווער פאַרוווּנדעט. ער דערלויבט נישט מען זאָל אים אוועקנעמען פון קאַמפּס-פּלאַץ, ביז די שלאַכט ווערט פאַרענדיקט מיטן נצחון פון די פּאַרטיזאַנער. ערשט אין וואַלד, אין אַ פאַרקאָנספּירירטער באַזע, שטאַרבט דער העלד אויף די הענט פון זיינע טרייע

קאַמפּס־חברים. די לעצטע ווערטער זיינע זענען געווען — „געדענקט, קעמפט ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט, זאָל דער פאַשיסט פילן די שטאַרקע האַנט פון פּאַר־טיזאַנער, קעמפער פאַר א פריי סאָציאַליסטיש פוילן.

דעם טויטן קערפּער פון זייער געליבטן אָנפירער האָבן די פּאַרטיזאַנער קובר געווען אין וואַלד. זיין געשטאַלט אָבער איז געבליבן אין זייערע זעלנערישע פאַרהאַרטעווטע הערצער. די „יעגעראָווצעס" זענען ווייטער געגאַנגען אין דעם אָנגעצייכנטן וועג פון זייער אָנפירער און האָבן מיט זייערע אויסגעצייכנטע העלדישע מעשים פאַרשריבן א שיין בלעטל אין דער געשיכטע פון קאַמף מיטן אָקופּאַנט פאַר א פריי סאָציאַליסטיש פוילן.

דאָס ווידער אויפגעלעבטע פאָטערלאַנד האָט הויך אָפּגעשאַצט די פאַר־דינסטן פון שמואל יעגער, באַשענקנדיק אים נאָכן טויט מיט דער הויכער קאַמפס־אויסצייכענונג „ווירטוטי מיליטאַרי" 5־קלאַס.

---

# אינהאַלט

